ערשטער יאהרגאנג נר. 3.　　DUS LICHT

# דאס ליכט

להאיר להם את הדרך　　אשר ילכו בה

ערשיינט יעדען פרייטאג.　　ארטאדאקסיש ארגאן פאר גאליציע.　　ערשיינט יעדען פרייטאג.

ב"ה קראקא, פרייטאג בשלח י"ב שבט תרצ"א. ליכט צינדען 4.14, מוצש"ק 5.31　　Kraków, dn. 30 stycznia 1931.

אדרעס פון רעד. און אדמ.: קראקא מייזעלסא 4. טעל. 120-96. — Adres Red. i Adm.: Kraków, Meiselsa 4. Tel. 120-96.


## דרשה פון קראקאווער רב שליט"א וועגען שמירת שבת.

מיר גיעבען דאָ איבער אַ קיצור פון קראָקאווער רב'ס דרשה געהאלטען אין דיכעס'עס ביהמד"ר אויף דער גרינדונג'ס-פערזאמלונג פון שומרי שבת אין קראקא. די דרשה ענטהאלט פיעל שעהנע געדאנקען וועגען שבת און אויך פיעל פראַקטישע אנווייזונגען וועגען די אויפגאבען פון די שומרי שבת.

צוליעב פלאץ מאנגעל ברענגען מיר אבער נור די הויפט-שטריכען. דער רב בעגינט מיט דער סדרה פון דער וואך, היינ-טיגע וואך איז ספעציעל געאייגענט אויף אויבייט פאר שמירת שבת, אין דער סדרה פון היינטיגע וואך ווערט יודען ס'ערשטע מאהל בעפוילען צו האלטען שבת. ראו כי ה' נתן לכם השבת. דאס איז אויך פאר אונס א וועקונג אויף ארבייט פאר שמירת שבת. ס'איז היינט די וואך פון פרשת השירה. אונזערע אבות הקדושים ווען זיי האבען איבערשריטטען דען ים און זענען גע-קומען צו א הויכער מדרגה פון אמונה האבען זיי געזאָגט שירה ויאמינו בה' איז געוועזן אז ישיר.

און ווען מיר היינט. וואס מיר זענען נאך נישט אריבער דעם ים, אדרבה מעשי ידי טובעים בים, יודען טרינקען זיך אין א ים פון דאגות און טרדות הפרנסה, און טראצדעם שפענדען יודען צייט, געדולד און געלד פאר שמירת שבת וואס דאס איז דער יסוד פון אמונה מעגען מיר אוודאי זאגען שירה.

יו"ט זענען יודען מקדש, יודען הייליגען דעם יו"ט, שבת דאגעגען איז מקודש ועומד, שבת הייליגט די יודען. שבת איז משפיע א רוח פון קדושה צו די יודען וואס האלטען שבת, ראו כי ד' נתן לכם השבת, השי"ת האט געגעבען שבת פאר יודען'ס וועגען — זיי צו הייליגען.

ארומרעדענדיג די אויפגאבען פון דער ש"ש דערצעהלט דער רב שליט"א אייניגע אינטערעסאנטע פאַקטען, אזוי זענען צום רב געקומען פערטרעטער פון פערשיעדענע פירמען און פאבריקען זיך בעקלאָגען אז די פירמען זייערע וואָס זענען פון זיי זאַנסט זעהר צופריעדען, ווילען יעצט צונעמען ביי זיי די „אגענטורען" צוליעב שבת. דער רב האָט זיי געראטען נעמען אונטערשריפטען ביי קונים פון די בעטר. פירמען, אז באם זיי וועלען אָפזאָגען זייערע פערטר. צוליעב שבת וועלען זיי אויפהערען ביי זיי צו קויפען, אין אייניגע פאלען האט דאס אויך געווירקט. ווי שווער איז אבער אנגעקומען, אפילו ביי חסידישע יודען ארויסצובעקומען אזעלכע אונטערשריפטען. ווען ס'איז אבער פאראן א שומרי שבת מיט טויזענדער מיטגליעדער, איז דאס א גרויסער כח ווען ס'קומט צו אזא פירמע פראָטעסטירען די שומרי שבת אין נאמען פון למשל 50 קונים אָרגאניזירטע אין דער חברה אזא אינטער-וועניץ איז דאן א זיכערער ערפאָלג.

אויך וועט די ש"ש דארפען מאכען פראפאג. צווישען אירע מיטגליעדער ביי איינקויפען וכדומה פארצוציהען פירמען שומרי שבת מ'דארף אויך מאכען שטעלען-פערמיטלונגען פאר שומרי שבת, אין די מערב מדינות האָט מען שוין פיעל דערגרייכט אויף דעם געביעט.

א הויפט געוויכט דארף אויך געלייגט ווערען אויף דעם אז אָרטאָדאקסע יודען, סוחרים און פאבריקאנטען, זאָלען צונעמען רעליגיעזע ביוראָ-אנגעשטעלטע און רעליגיעזע ארבייטער.

דער רב שליט"א רעדט באריכות ארום די עולה וואָס אָרט. פירמענאינהאבער בעגעהען דאדורך וואס האטש זיי פאר זיך האלטען שבת, זענען זיי דאָך ניכט מדקדק רעליגיעזע ארבייטער אנצושטעללען, אדרבה, זיי באיקאטירען דעם שומר שבת און העלפען אזוי ארום צו, צום פערשפרייטען חילול שבת אין דער וועלט

אונזערע קהלות אליין ווייזען אויך א שלעכטען ביישפיעל אויף דעם געביעט. אזוי זענען אין די 803 קהלות וואָס איז פאַרהאן אין פוילען — נאר 12 פר. פון די ביורא-אנגעשטעלטע שומרי שבת.

דער רב זאָגט דאן נאָך אייניגע געלונגענע דברי אגדה. צווישען אנדערע שטעלט זיך דער רב אָפּ אויף דעם פסוק וישבתו העם ביום השביעי ויקראו בית ישראל את שמו מן, איז שווער דער שייכות פון די צוויי פסוקים, אויך שטעהט דאך שוין פריער אז מ'האָט עס גערופען מן. נאָר, טייל מיינען אז דער שבת איז א שטערונג צו פרנסה, דער אמת איז אָבער נישט אזוי. די גמרא זאָגט אז יודען אין ווץ לארץ ווערען רייך און זכות פון שבת. שבת איז משפיע פרנסה אויף א גאנצע וואך ווארום כל ברכאן דלעילא ותתא ביומא שביעאה תליון. און שבת איז אויך א מזון רוחני, שבת הייליגט די יודען. דער „מן" איז אויך געוועזן א מזון גשמי און א מזון רוחני. לא נתנה התורה אלא לאוכלי המן, דאָס איז דער טייטש וישבתו העם ביום השביעי, יודען האבען גערוהט שבת ויקראו בית ישראל את שמו האבען יודען גערופען דעם שבת „מן" כעין שאמר ר' יוסי (שבת קי"ח:) מעולם לא קוראתי לאשתי אשתי אלא ביתי וכו' ווייל שבת איז אזוי ווי מן א מזון גשמי און א מזון רוחני,

# די גאליציישע ארטאדאקסיע

## II.

די פיעל פארביגקייט פון דעֶר אָרטאדאקסיע איז ביי אונז אין גאליצי׳ען פערוואנדעלט געווארען צו א צושפליטערונג און א פירוד הכחות וואס שוואכט וואס א מאהל מעהר אָפּ דעם כח פון דער אָרטאדאקסיע און איז א שטעֶרונג ביי אלע וויכטיגע ענינים — פּאָליטישע און גייסטיגע — ביי וועֶלכע ס׳פּעֶרלאנגט זיך אבסאָלוט א איחוד הכחות, א פּעֶראייניגונג.

דער דאזיגער פירוד ברענגט דעֶרצו, אז די פּארטשריטליכע עֶלעמעֶנטען די „לינקע" וואס פּערליערען היינט כמעט איבעראל פון זייער השפעה אויפ׳ן יודישען לעבען — וועֶרען זיי אבער ביי אינז אין מערב גאליציען וואס אמאל מעהר די טאן געֶבער פון יודישען לעבען. איבעראל אין דער גאנצער וועלט ווערען היינט די פּאָרטשריטליכע שוואכער מחמת זיי האבען פּעֶרלוירען דעם באָדען פון אונטער די פוס. די וועֶלט גלויבט היינט נישט מעֶהר אין די וועֶלט בעֶגליקענדע אידעען פון די פערשיעדענע מאָדערנע גואלים. ס׳ווערט איבעראל וואס אמאָל וועֶניגער און שוואכער דער גלויבען — אין די גליקען פאר׳ן יודישען פאלק וואס שטעֶקען מכלומרשט אין די נאציאָנאלע און סאָציאלע אידעען פון היינטיגער צייט. פארדאס פּעֶרליערען אונזעֶרע מאָדעֶרנע היינט אויך איבעראל זייער כח און איינפלוס אין דעֶר יודישער גאס.

ביי אונז אין גאליציעֶן זעֶהט זיך אבער גראָד א פּעֶרקעהרטע עֶרשיינונג. נאָך קיינמאהל איז ביי אונז נישט געֶוועזען אזוי שטארק די השפעה און דער כח פון די פרייע ווי גראד איצט. אך קיינמאהל איז נישט געֶוועזען ביי אונז אין מערב-גאליציען צו פערצייכנען אזא מורא׳דיג פאַלען פון דער השפעה פון די ארטאדאקסיע אויף אלע געביעטען פון עֶפענטליכען לעבען — ווי גראד די לעֶצטע יאָהרען ווען אין דער גאנצער וועלט איז צו פערצייכנען א פערבעסערונג פונים מצב און א אבשוואכונג פון די לינקע.

ס׳איז כדאי נור א בליק צו געבען אויפ׳ן צוזאמענשטעל פון די קהלות ביי אונז איבערהויפּט פון די גרעסערע קהלות. ווי בולט צייכענט זיך דא אן די פערקלענערונג פון די צאהל אָרטאדאקסע ראשי הקהלה. אדער נעמט למשל די בודזשעטען פון די גרויסע קהלות ווי למשל טארנא, קראקא א. א. די סובווענציעס און כל-ערליי אונטעֶרשטיצונגען פאר אונזערע מוסדות החינוך און פאר מאדעֶרנע אינסטיטוציעס און חברות, ווי געוואלטיג איז די פערשיעבונג אויף לינקס. דאס איז א בולט׳ער באראָמעטער צו זעֶהען ווי ווייט ס׳איז געֶמינערט געֶווארען אונזער השפעה אויף די קהלות און ממילא אויפ׳ן גאנצען עפענטליכען יודישען לעבען און מיט וויעפיל ס׳איז פערשטארקט געווארען די השפעה פון לינקס.

די סבה דעֶרפון איז נישט צו זוכען ביי די לינקע, ניין. ס׳איז נישט זייער כח, מיר זאלען קעֶנען זאגען, זיך אָבפּטר׳ן מיט׳ן תירוץ, ס׳איז היינט אזא צייט, וואס קעֶנען מיר דעֶרצו טהון. ניין, די סיבה דעֶרפון איז אבסאלוט צו זוכען ביי אונז און נור ביי אונז. די סיבה פונ׳ם אבשוואכען פונ׳ם כח פון דער ארטאדאקסיע און ממילא פון דער ארטאדאקסער השפעה אויפ׳ן צבור לעבען ביי אונז אין מערב גאליציען איז נור איין איינציגע; דער פירוד און די צושפליטעֶרונג אין אונזער מחנה.

און אויב דאס זאל ווייטער אזוי געֶהען, וועלען מיר זיך פיעל פערשילדיגען קייגען די קומעֶנדיגעֶ דורות. מיר וועלען פשוט קיין פערענפערונג נישט האבעֶן. די אילוסטראציע וואס מיר האבען געברענגט וועֶגען אונזער פערמינדעֶרטער השפעה אין די קהלות איז נישט קיין פעראיינצעלטע. נישט פיעל בעסער איז דער צושטאנד אויפ׳ן חינוך געביעט. די מאדערנע חינוך-אינסטיטוציעס וואקסען און מעֶהרען זיך מורא׳דיג. ס׳קען זיך קיינער נישט היינט איינרעדען, ס׳קעֶן קיינעֶר נישט זאָגען; צו מיר אין שטוב אריין וועֶט זייער איינפלוס נישט דעֶרגרייכען, אונזער גרופע איז געֶשיצט קייגען דעם איינפלוס פון די פרייע. אַן אַרמעע וואס די פלאנקען ווערען געֶשפרענגט, ווערט דאן אויך דעֶר צעֶנטרום בעֶדראָהט. די גאנצע ארמעע מוז בעשיצט ווערען. איבערהויפט לעֶרנט אונז די פראַקטיק אז אויך פון די פרימסטע הייזער רייסט דער צייט גייסט ארויס זיינע קרבנות. ס׳איז דערום נור איין עצה פארהאן אזוי אין פאליטישע ענינים ווי אויפ׳ן חינוך-געֶביעט; צו גיין צו זאמען איינהייטליך אלע גרופען פון דער ארטאדאקסיע, מיט פעראייניגטע כחות אבצושטויסען דעם וואקסענדען כח פון מאדערניזם. נור מיט פּעֶראייניגטע כחות וועלען מיר קענען צוריק עֶראָבעֶרען אונזער פלאץ און אונזער השפעה אין די קה..ת און ממילא אויפ׳ן גאנצען יודישען צבור לעבען.

ר. ס—ש.

# דאס וואונדערליכע געזאנג.

(ערצעהלונג — שבת שירה מאָטיוו)

אין דער שטאדט דמשק האָט געוואוינט איינער פון די גרעסטע און פאָפולערסטע רבנים אין דער דאמאָלסדיגער צייט רבי ישראל נגאַרה ז״ל.

רבי ישראל נגאַרה האָט געלעֶבט אין די צייטעֶן פון אר״י ז״ל און איז געוועֶזעֶן איינער פון זיינע נאָהענסטע מקורבים. ר׳איז אויך געוועזען א גרויסער משורר א וואונדערליכער פּאָעט ווי איינער פון די פריהעריגע גרויסע פיטנים, און זוכה געוועזן האט ער אז זיינע זמירות און געזאנגען זעֶנעֶן אנגעֶנומען געווארען אין אלע יודישעֶ קבוצים, און שבת ביינאכט אז די נשמה יתירה, א אצילות׳דיגע קדושה רוהט אויף א יעדען יוד זינגט מען דאמאלס זיין שיר וועלכער איז אינגאנצען א לויב צום רבש״ע „יה רבון עלם"... האט רבי ישראל געהאט א קול זיס און ענטציקענד און זיצעֶנדיג טאג־טעגליך ביי זיין טיש און פיהרענדיג זיין סעודה האט ער געזונגען נאָך יעדען מאכל א בעזונדערן זמר. זענעֶן געֶקומעֶן הערעֶן זיינעֶ זמירות נישט נאר די דמשק׳ער יודישעֶ בעֶפעֶלקעֶרונג די בני עלי׳ נאר אויך מיניסטארען און גייסטליכעֶ פון אנדעֶרעֶ פעֶלקעֶר און פון אנדעֶרעֶ לעֶנדעֶר פלעֶגעֶן שטיין געֶדריקט אין עֶנגשאפט צו די וועֶנד פון זיין הויז און האבעֶן אין זיך ארייננעֶנומעֶן די אָבקלאנגעֶן פון זיינע געֶזאנגעֶן און א ווידעֶר קול האט אין זייערעֶ אויערען שטעֶנדיג געֶקליגגעֶן...

זומעֶר צייט ווען די זון ברעֶנט שטארק פלעֶג ר׳ ישראל פיהרעֶן זיין סעודה אין זיין פראכטפולען גארטעֶן וואָס האָט ארומגערינגעֶלט זיין הויז. ר׳האט זיך מתיחד געֶוועֶזעֶן מיט דעֶר נאטור און אלעֶ באשעֶפעֶנישעֶן און זינגעֶנדיג „מזמור לדוד ד׳ רועי" און צוקומענדיג צו „בנאות דשא ירביצנו" איז עֶר געֶקומעֶן צו דעֶר מדרגה פון התפשטות הגשמיות. זיין נשמה האט זיך דערהויבעֶן אינ׳ם וואונדעֶרליכעֶן געֶזאנג און אינ׳ם פלאמעֶנדיגעֶן דבקות.

זעֶנעֶן דאמאלס געֶקומעֶן שורות, שורות ווייסעֶ טויבעֶן מיט לויטעֶרעֶ גופים, שיינעֶ געֶשטאלטעֶ, בעֶדעֶקעֶנדיג די בוימעֶר פון ר׳ ישראל׳ס גארטעֶן זיך צוהעֶרעֶנדיג צו זיינעֶ לויב געזאנגען...

אין דער לופט זעֶנעֶן די טויבעֶן געֶשטאנעֶן גלייך אהן א מינדעֶנסטעֶן ריהר מיט די פליעגעל, אהן דער קלעֶנסטעֶר בעֶוועֶ-

# די געפאהר פון בלאנקא-טאג פאר דער יודישער עקאנאמיק.

וועגען קאלענדער-רעפארם ווערט לעצטענס געפיהרט א שטארקע אגיטאציע מיט פיעל רעש אבער ס'ווערט גאר ווייניג אויפגעקלערט די פראקטישע זייט פון דעם ענין: אין וואס אייגענטליך בעשטעהט די געפאהר פון דער קאלענדער-רעפארם? אפילו דער רעפעראט פון הרב ד"ר לעווענשטיין געהאלטען פאריגע וואך אין ווארשא און אבגעדריקט אין יודישען טאגבלאט פון מיטוואך קלערט נאך נישט גענוג אויף די סכנה פונ'ם אזוי גערופענעם „בלאנקא-טאג" פאר'ן יודישען שבת און פאר דער יודישער עקאנאמיק.

דער הויפט-געדאנק פון דער קאלענדער רעפארם איז אויסצוגלייכען אז די ערשטע פון אלע חדשים און דער ערשטער טאג פון יאהר זאל אלע מאהל געפאהלען זונטאג. דאס וויל מען דערגרייכען דערמיט, אז דאס קאלענדער יאהר זאל בעשטעהען פון 52 וואכען צו 7 טאג ד. ה. 364 טעג געטיילט אויף 13 חדשים פון 28 טאג. דאס אסטראנאמישע יאהר האט אבער 365 טאג און א פיערטעל פון א מעת לעת. וועט מען דעם לעצטען טאג פון יאהר גאר נישט רעכנען, ער וועט זיין א בלאנקא טאג. יעדעס פיערטע יאהר וועלען זיין צוויי בלאנקא טעג מ'וועט די בלאנקא טעג נישט רעכנען, זיי וועלען נישט האבען קיין נאמען אין דער וואך, וועט ממילא יעדער אנפאנג יאהר און יעדער אנהויב חודש זיין זונטאג.

אלס ביישפיעל לאמיר נעהמען דאס יאהר 1934. דער לעצטער טאג פון 1933 געפאלט אים זונטאג, ניי-יאהר פון 1934 געפאלט אים מאנטאג, וועט — לויט'ן נייעם קאלענדער — דער זונטאג, דער לעצטער טאג פון 1933 זיין א בלאנקא-טאג אהן א נאמען. ערשט צו מארגענס דער ריכטיגער מאנטאג וועט הייסען זונטאג, דיענסטאג וועט הייסען מאנטאג א. א. וו. ווען ס'וועט זיין דער ריכטיגער שבת וועט זיין ביי דער וועלט פרייטאג א יאהר שפעטער וועט זיין שבת אים דאנערשטאג. 1936 וועט זיין שבת מיטוואך און אזוי כסדר. יעדעס יאהר וועט זיך דער שבת איבעררוקען צוריק מיט איין טאג, יעדע פיער יאהר וועט זיך דער שבת ריקען מיט צוויי טעג צוריק.

וואס וועט זיין דער פועל יוצא דערפון? א חוץ וואס עס ריהרט אן די יסודות פון אונזער אמונה פון שבת בראשית, א חוץ וואס עס ויעט ברענגען א גרויסע ערבובי' אינ'ם ענין פון שמירת שבת וועט עס האבען פאטאלע פאלגען פאר די יודישע פרנסות ספעציעל ביי אונז אין פוילען. דער הויפט מסחר ביי אונז אין די שטעדטלעך איז — ווי יעדער ווייסט — דער מארק-טאג. אין דעם טאג לייזט דער פראווינצער סוחר אויף צו בעצאהלען די וועקסלען, אויף איינצוקויפען פרישע סחורות און פונ'ם מארק טאג ציהט ער די הויפט-חיונה אויף א גאנצע וואך.

לאמיר נעמען אלס ביישפיל, וויעדער דאס יאהר 1934 אין דעם יאהר וועט שבת אויסקומען פרייטאג לויט'ן נייעם קאלענדער. אלע שטעדטלעך אין וועלכע דער מארק-טאג איז פרייטאג, וועלען אינ'ם יאהר 1934 די יודען פון די שטעדטלעך א גאנץ יאהר האלטען פערמאכט די געשעפטען דוקא אינ'ם מארק טאג ווייל סיוועט דאך זיין שבת. די יודישע מארק-הענדלער וועלען נישט אויספאקען זייערע סחורות, די יודישע אויפקויפערס וועלען נישט קויפען ביים פויער זיינע לאנד פראדוקטען.

די יודען פון אט די שטעדטלעך וועלען פערליערען זייערע מקורי הפרנסה, זיי וועלען אין גאנצען צוזאמענברעכען. די מארק טעג וועלען זיין אים שבת, עס וועלען אויפקומען גוי'אישע סוחרים, גוי'אישע אויפקויפערס אויפ'ן ארט פון די איינגעפינדעוועטע יודישע. דער יודישער סוחר וועט נישט האבען פון וואנען צו צאהלען די חובות, די וועקסלען, וועלען זיי מיט שלעפען מיט זיך די גרויסע סוחרים פון די גרעסערע שטעדט, וועלכע וועלע

---

גונג נישט אנריהרענדיג די צווייגען פון די בוימ־־ און נישט אראפגייענדיג צוזאמענקלויבען די ברעקלעך...

און גרעסער איז געוועזען דער וואונדער וואס יעדען טאג זענען די טויבען געקומען פונקט ווען ר' ישראל האט אנגעהויבען זינגען און ווי נאר ער האט גענדיגט האבען זיי אויסגעשפרייט די פליגעל און אוועק נישט פערזוימענדיג זיך איין רגע...

פון טאג צו טאג זענען געקומען טויזענדער מענשען זעהען דאס וואונדער אז בעלי חיים זאלען קומען הערען א מענשען'ס געזאנג...

אן אראבער האט אמאל געפרייפט שיסען אין די טויבען האט זיך די פייל אומגעקעהרט און געטראפען איהם גלייך אין הארצען. ער איז געפאלען א טויטער אויפ'ן ארט.

און א געוויסען טאג זענען די טויבען געקומען ווי שטענדיג זיך צוהערען צו ר' ישראל'ס געזאנג וואס האט זיך צוגאסען אין וועלט'ס חלל און פליצלינג, איידער ער האט נאך די זמירות פערענדיגט האבען זיי פערשפרייט די פליגעל און זענען אוועק. זייט דאמאלס זענען זיי מעהר נישט געקומען.

ר' ישראל האט געהאט גרויס חלושת הדעת איז ער געגאנגען צום אר"י הקדוש און אויסגעגאסען פאר איהם זיין ביטער הארץ. האט דער אר"י ז"ל איהם געענפערט: זאלסט וויסען מיין זוהן אז שורות שורות מלאכים אין געשטאלט פון ווייסע טויבען זענען געקומען הערען דיין געזאנג און אויב דיינע זמירות זענען גרויס אויף דער וועלט זענען זיי נאך גרעסער אויפ'ן עולם העליון. דיין נשמה איז פונ'ם עולם הניגון און האסט א ניצוץ פון גרעסטען יודישען משורר דוד המלך ע"ה... אין דער לעצטער צייט אבער איז דער קטרוג געוועזען גרויס אויף דיר ווייל די האסט — צוליעב די גרויסע היצען — אויסגעטהון די אויבערשטע מלבושים און מיט ענטבלויזטע ארבעל האסט דו געפיהרט טיש. האסט מזלזל געוועזען אין דער הייליגקייט פונם טיש-מזבח... האט מען דאמאלס אויסגערופען אין הימעל: גייט אוועק מלאכים פונ'ם מענש ישראל וואס איז ממעט אין כבוד שמים און זיצט נישט בכבוד ביים ג—טליכען מזבח...

דערהערענדיג די ווערטער איז ר' ישראל דערציטערט געווארען און שרעקליך געוויינט; איך האב געזינדיגט!

דער אר"י הקדוש האט אים געטרייסט, זאגענדיג: נעם אויף דיר, פון היינטיגען טאג זאלסט דו מוסיף זיין אין הידור מצוה ביים טיש וועט דיר דיין זינד פערגעבען ווערען. זייט דאמאלס פלעג שוין ר' ישראל אויך אין די גרעסטע היצען אנטועען ווייסע זיידענע קליידער, בעציהרענדיג זיין טיש זינגענדיג זיינע ג—טליכע זמירות.

די טויבען זענען צוריקגעקומען און האבען איהם שוין נישט מעהר פערלאזט ביז צום לעצטען טאג פון זיין פטירה און טראגעדיג די מיטה האבען אים די טויבען בעגלייט צו דער אייביגער רוה. — — — — — — — — — — — — —

נאך דער פטירה האט מען אין נאמען פון אר"י הקדוש מגלה געווען דעם סוד פון די טויבען-מלאכים וואס האבען די זמירות פון רבי ישראל מעלה געוועזען אין די אצילות'דיגע וועלטען.

ז. מ

לייַדען גרויסע הזיקות. דאָס וועט זייַן ממש א קאטאסטראפע פאר די יודישע פרנסות.

אינ׳ם יאָהר 1935 וועט זייַן דאָס זעלבע אין די אלע שטעדטלעך ווי דער מארק-טאָג געפאַלט אים דאָנערשטאג, אין יאהר 1936 אין די שטעדטלעך ווי דער מאַרק-טאָג געפאלט מיטוואָך א. א. וו. אין פערלויף פון 5 יאָהר וועט די גזירה אדורכמארשירען אלע יודישע קבוצים אין דער גאַנצער וועלט.

ספעציעל פאַר אונזערע ארימע און אזוי אויך פון שווערע שטייַערען דערדריקטע יודישע פרנסות אין פוילען, וועט דאָס זייַן א שרעקליכע גזירה.

עס קומט א גרויסען דאנק דעם קאָמיטעט געגען קאַלענדער רעפארם פאר זייַן ענערגישער ארבייַט. מיר יודען אין פוילען דארפען זיך אבער נישט בעגניגען בלויז מיט פון יוצא זייַן וועגען אונטערשרייבען א ביסעל פראָטעסט־דעקלאראציעס, מיר מוזען מיט אלע כחות פראטעסטירען און אנווענדעז אלעס אז די רעפארם, ספעציעל דער „בלאַנקאָ-טאג“ זאָל נישט אדורכגעהען ווייל דאס וועט זייַן פאר אונזערע פרנסות א מורא׳דיגער קלאַפ, אַ שרעקליכער חורבן.

די רעגירונגען וואָס זענען אנגעשלאָסען אן פעלקער-בונד שייַנען פארלייַפיג צו זייַן אלע פאַר דער רעפארם. בלויז די האָלענדישע רעגירונג האט זיך ארויסגעזאָגט געגען בלאנקאָ-טאָג צוליעב דעם יודישען שבת

מיר מייַנען אז אונזערע עסקנים וואָלטען דורכאויס גע-דארפט ווירקען אז די פוילישע רעגירונג זאָל אויך אָפען זיך ערקלערען געגען בלאַנקאָ-טאָג אין נאמען פון די דרייַ מיליאָן יודען — פוילישע בירגער.

אזא פראטעסט פון דער פוילישער רעגירונג וואלט געהאט אלע שאַנסען אדורכצוגעהען, מיט אזא פראטעסט וואלט זיך דער פעלקער-בונד זיכער גערעכענט.

ז. י. הלוי.

# חמשה עשר בשבט.

— אלעגאריש —

(כי האדם עץ השדה)

טויט איז די בריאה, אלעס געהילט אין ווייסען, די בוימער שט׳ייען נאקעט אהן א סימן פון לעבען, נישטא קיין צווייג קיין גרין בלעטעל וועלכעס זאל פלעכטען די ווייטערדיגע קייט פון לעבען און ווירקען, פון שאפפען און בויען, און ס׳דאכט זיך אז אבגעשטארבען איז אללעס; די פעלדער, די גרעזליך, די ביימער, און קומט אמאָל א שטאַרקער צפון-ווינד און טרייסעלט אויף די ביימער שאקלען זיי זיך צאַרנדיג און פרעגען: אה, רבש״ע היחיו העצמות היבשות?

און אָט קומט חמשה עשר בשבט, די בריאה בענייט זיך, די בוימער טוען זיך אָן אַ גרינעם לבוש און ווערען פריש געבוירען ס׳הייבט אָן אַ נייַ לעבען אַ פולסירענדעס, אַ שאפענדיגעס אויפ׳ן ווייטערדיגען עתיד.

חמשה עשר בשבט — דער אויפלעבונגיס יו״ט פון די בוימער.

כימי העץ ימי עמי!

טרויעריג איז דער מצב פונ׳ם יודישען פאלק. געפאללען און נידערגעשלאגען איז זיין גייסט. ס׳דאכט זיך אז ס׳איז נישט פאראהן די יוגענד וועלכע זאל ווייטער שפינען די גאלדענע טראדיציאנעלע תורה-קייט, ס׳פעהלט דער מוט און די לעבענס-לוסטיגקייט צו קעמפען מיט שטאָלץ פאר זיין עגזיסטענץ און יעדער ערנסט דענקענדער, פרעגט: היחיו העצמות היבשות?

און אָט קומט דער אויפלעבונגס יו״ט, המשה עשר בשבט און הילכט אב אין דער יודישער מחנה: אויפלעבונג! ערוואכונג! צוריק צום תירה קוואל, בענייט דאס חורב ציערונג, לעבט אויף דעם אלטען טראדיציאנעלען גייסט און פלעגט איהם.

זאלזשע דער עכאָ אָבקלינגען אין אלע יודישע הערצער און זאל ער אין זייער הארץ א נעסט געפונען.

זאל חמשה עשר בשבט זיין דער אויפלעבונג׳ס יו״ט פונ׳ם יודישען פאלק.

קראקא שבט תרצ״א. מיכל זלאטקיס.

# אונזערע גרויסע.

פון ב. פאָטישמאַן.

## דון אברהם בְּנְבֶנִשְׂתִּי

(זיין לעבען און ווירקען)

דון אברהם בנבנשתי האט ג׳שטאמט פון העכסטען יחוס, פון אַ בארימטער משפחה אין דער שפאנישער פראווינץ קאסטיליען.

ער איז געבוירען געווארען אין יאהר 1390 נאך דער קריסט-ליכער צייט־רעכנונג, און איז דערצויגען געווארען אין עכט יודישען גייסט

פון זיין פריהעסטער יוגענד האט ער אויף זיך געצויגען די די אויפמערקזאמקייט פון זיינע לעהרער און מחנכים, פון זיינע פריינד און באקאנטע, צוליב זיינע גרויסע מעלות און גייסט גער בענאבונג מיט וועלכע ער האט זיך אויסגעצייכענט מעהר פון אלע זיינע חברים אין דער זעלבער צייט.

פון זיין פריהעסטער יוגענד האט איהם די הצלחה צוגע־שפילט שלא כדרך הטבע און וואו ער האט זיך געקעהרט און געווענדעט האט ער געהאט א סייעתא דשמיא.

אין דער צייט פון דער שפאנישער אינקוויזיציע, ווען צעהנד־ליג־טויזענדער פון די בעסטע יודישע זוהן און טעכטער זענען פערברענט געווארען אין די פייערן פון די אוטא-דע-פעס, אין דער צייט ווען גרויסע מאסען פון יודישע קינדער זענען געכאפט גע־ווארען מיט געוואלד און זענען אבגע׳שמד געווארען צו דער קריסטליכער אמונה; ווען יודישע הייזער פין קאַסטיליען זענען בע־רויבט געווארען דורך די ווילדע קריסטליכע מאמינים, איז דער־מאלט דעם יונגען אברהם בנבנשתי געלונגען זיך ארייסצורייסען פון די לאפעס פון יענע בעסטיאלישע רוצחים, און זיין הויז און זיין גאנץ פערמעגען איז נישט באריהרט געווארען צו שלעכטען.

אין יענער צייט האבען זיך געפונען א סך יודישע משומדים אזוי ווי שלמה הלוי מבורגוש און יהושע הלורקי יש״ו, וועלכע האבען אנגעטהון גרויסע צרות צו זייערע געוועזענע יודישע ברודער אויסטראכטענדיג אויף זיי די שענדליכסטע בלבולים, צו פער׳מיאוס׳ן זיי אין די אויגען פון דעם קעניג און פון די שרים, אז מ׳זאל צווינגען אלע יודען צום שמד, און צו רופען די רבנים צו די עפענט-ליכע דיספוטען וואס זיי האבען ג׳זמאכט אין אלע גרעסערע שטעט.

זעהר טרויריג איז דעמאלט געווען דער יודישער מצב אין קאסטילין, ביז ס׳איז ארויסגעקומען אויפ׳ן טראן פון דער מלוכה א מענש מיט אביסעל מענשליכען געפיהל; דאס איז געווען יאהאן דער צווייטער קעניג פון קאסטילין, וועלכער האט באשטימט פאר זיין מיניסטער־פרעזידענט דעם ל בעראלען, אלבארא די לונא, אמענש מיט אברייטען פערשטאַנד, וואס ער האט פערשטאנען, אז די יודען זענען זעהר נוצליך פארן לאנד מיט זייערע — באזונ־דערע פעהיגקייטען אויף דער בערזע און אין האנדעל און מיט זייערע גרויסע חכמים אויף יעדען געביט פון מענשליכער וויסענ־

# וואס הערט זיך אין קראקא?

## גרינדונגס פערזאמלונג פון שומרי שבת אין קראקא.

ווי מיר האבען שוין געשריבען האט די בעוועגונג צו גרינדען א חברה ש״ש א דאנק דער איניציאטיוו פון קראקאווער רב שליט״א און א דאנק דער ענערגישער ארבייט פון ר׳ מאיר׳ל ראפאפארט אין ר׳ מיכאל פרענקעל — רעאלע פארמען אנגענומען.

זונטאג נאך מעריב איז טאקע אין דייכעס ביהמ״ד פארגעקומען די גרינדונגס-פערזאמלונג פון די „שומרי שבת" אין קראקא.

ר׳ מיכאל פרענקעל האלט די ערעפנונגס-רעדע, ער טהוט מיט צופריעדענהייט פעסטשטעלען די גרויסע סימפאטיע וועלכע די ש״ש בעגעגענט ביי אלע יודען אין שטאדט, חסידים, בע״ב סוחרים און בעלי מלאכות. ער בעגריסט דעם קראקאווער רב שליט״א וועלכער קומט עבען אריין און בעט איהם צו זאגען א פאר ווערטער לטובת דער שומרי שבת.

דער רב האלט דאן א זעהר שיינעם און אינהאלט׳ס-רייכען דרוש וועלכער מאכט אן אויסערגעוועהנליכען איינדרוק אויף די צוהערער, אויך מיט די פראקטישע אנווייזונגען אין וועלכער ריכטונג די ארבייט פון די ש״ש דארף געהען.

אויף וואונש פון פיעל פון די פערזאמעלטע גיעבען מיר די דרשה פון רב שליט״א בעזונדער אביסעל אויספיהרליך. ס׳איז אבער א וואונדער אויפ׳ן קאמיטעט, אז זיי האבען געוואוסט אז דער רב וועט זיך בעטייליגען. פארוואס האבען זיי נישט געמאכט קיין עפענטליכע פערזאמלונג.

צום סוף איז געגרינדעט געווארען א ועד פון כמעט אלע שוהלען און בתי תפלה פון שטאדט. דער ועד וויל דאן פון זיך אויסוועהלען א עקזעקוטיווע וואס זאל זיך נעמען ענערגיש צו דער שמירת שבת אקציע. אלע אנוועזענדע האבען אויך אויף זיך גענומען צו ווערב־ערען מיטגליעדער פאר דער ש״ש.

---

שאפט, ער האט ארויסגעוויזען פריינדלכקייט צו די יודען נישט מאכענדיג קיין חלוק צווישען א יוד און א נישט יוד.

אלבארא די לונא, דער משנה למלך פון קאסטיליען האט אפילו צוגעצויגען יודען צו דער אנפיהרונג פון דער מלוכה־לייטונג, און יאהאן דער צווייטער וועלכער האט געהאט גרויס צוטרויען צו זיין משנה, האט אויף אלעמען געגעבען זיין צושטימונג און ער איז אויך געווארען זעהר גוט צו די יודען.

אויך רבי אברהם בנבנשתי האט געפונען חן אין די לונא׳ס אויגען, און ער האט עולה לגדולה געווען און איז באשטימט געווארען אויפ׳ן בעפעהל פונ׳ם קעניג אלס אויבער-רב איבער אלע קאסטילישע רבנים פון יענער צייט באקומענדיג א רעכט צו משפט׳ן זיינע יודישע ברודער פון יענער מדינה און ארויסצוגעבען פאר זיי פארשידענע פעראָרדנונגען לויט זיין איינזעהן און ווילען, און ער האט אויסגענוצט זיינע רייכע אוצרות, זיינע קענטנישען און זיין גרויסע השפעה פאר די אינטערעסען פון זיינע געפלאגטע ברודער, פונקט אזוי ווי די גרויסע שרים רב חסדאי אבן שפרוט און רבי שמואל הנגיד וועלכע האבען געלעבט און געווירקט מיט 500 יאהר צוריק.

רבי אברהם בנבנשתי האט קיינמאל נישט גערוהט און אלע זיינע געדאנקען זענען געווען צו פערבעסערען דעם עקאנאמישען און גייסטיגען מצב פון די יודען און זיי צו בעשיצען פון די פיינדליכע אנפאלען פון אלע שונאי ישראל. — ענדע אין נומר 4.

בעפרייט ר׳ משה דייטשער. מיר האבען אין פאריגען נימער אינפארמירט די לעזער, אז אין די נעכסטע שעה׳ן וועט ר׳ משה דייטשער בעפרייט ווערען, אזוי איז אויך געשעהען. עטליכע שעה נאכ׳ן בעווייזען זיך פון אונזער נומער ד. ה. פרייטאג נאכמיטאג איז ר׳ משה ארויס פון ארעסט צו דער פרייד פון דער גאנצער שטאדט.

דער לימוד התורה א חוב פון דער יודישער ארבייטער יוגענד. אויף דעם טעמא האט ר׳ משה וואציארז געהאלטען א רעפעראט פערגאנגענעם שבת צו נאכטס פאר די רעליגיעזע ארבייטער פון פועלי א״י. דער רעפעראט האט געמאכט א שטארקען רושם אויף די צוהערער. ס׳איז צו האפען, אז ער וועט אויך האבען די ווירקונג צו פערשטארקען בפועל דעם לימוד התורה צווישען אונזער ארבייטער יוגענד, וואס ס׳איז היינטיגע צייט אזוי וויכטיג.

די מחזיקי לימוד האט בעקומען געשענקט א פלאץ פון פרוי ד״ר פייפער אויפ׳ן נאמען פון ד״ר יהודה פייפער ז״ל. דער אקט איז פארגעסטערן אונטערגעשריבען געווארען פוןביידע צדדים

חמשה עשר בשבט וועלען די בנות א״י טיילען אומזיסט אויבסט די יודישע קראנקע אין אלגעמיינע שפיטעלער. ס׳וועלען פערטיילט ווערען 15 הונדערט בייטעלעך אויבסט. דערויף וועט געהען די הכנסה פון די שקארמעצלעך חמשה-עשר-אויבסט וואס וועט דורך די בנות פערקויפט ווערען אין די שטובען ווי יעדעס יאהר.

פריוואינג אין דער תלמוד תורה ישיבה. אין דער ישיבת „בית מאיר" איז פאריגע וואך פארגעקומען א בחינה פון די תלמידים פון דער ישיבה. אין דער בחינה האבען זיך בעטייליגט הרב צבי אייזענשטאט, ר׳ משה שמיעד און ר׳ יונה אורבאך, וועלכע זענען זעהר צופריעדען פונ׳ם רעזולטאט פון דער בחינה. די תלמידים האבען געמאכט — ווייזט אויס — גרויסע פארטשריטען אין לערנען.

חמשה עשר בשבט — סיום הש״ס. אין דער גאנצער וועלט וועלען די לומדי דף יומי פייערליך מסיים זיין ש״ס וואס מ׳האט אנגעהויבען לערנען מיט 7 יאהר צוריק. אויך אין קראקא וועלען די לומדי דף יומי אין ביהמ״ד „בני אמונה" פעראנשטאלטען א סעודת מצוה און פייערליך מסיים זיין ש״ס מיט די בעטייליגונג פון קראקאווער רב שליט״א.

חמשה עשר בשבט — התחלת הש״ס. די אין קראקא ניי געגרינדעטע צא״י וועט חמשה עשר בשבט מאכען א פייערליכען התחלת הש״ס.

---

ברכת מז״ט חמה לכבוד ידידי אהובי הרב מוה״ר **שמואל האלפערן** שליט״א מאמסטערדאם, לרגלי נשואת בנו יוסף נ״י, יתן ד׳ שירווה רב נחת מיוצאי חלציו.

ידידו ותלמידו שלמה הלוי.

---

מז״ט וברכת גבר ירא ד׳ לכבוד האברך התורני מוסמך ויר״א ד׳ **יוסף האלפערן** נ״י מאמסטערדאם לנשואיו את ב״ג בגעיצעד אנגלי.

יהא רעווא שתורה וגדולה יתאחדו על שלחנך

מערכת „דאס ליכט".

# קורצע ידיעות פוז דער וואך.

— צוליעב דעם ווירטשאפט'ס קריזיס איז בעגרעניצט געווארען די איינוואנדערונג קיין בעלגיען.

— אין תל אביב איז פייערליך געעפענט געווארען די פויליש-פאלעסטינישע אימיגראציע־באנק.

– ארטאדאקסישער קהלה־פרעזעס פון דאלינא גאל. האט בעקומען פון דער רעגיערונג א זילבערנעם פערדיענסט־קרייץ אלס אנערקענונג פאר זיין ארבייט אין שטאדט.

– דעם 22 פעבער וועט פאקומען אין ווארשא א קליינהענדלער צוזאמענפאר פון גאנץ פוילען.

דער פעלקער־בונד האט בעשטימט א יוד אלס דירעקטאר פון דער סעקציע פאר טראנזיט און האנדעל.

ס'הייסט אז די איטאליענישע רעגיערונג זאל זיך אויך ארויסזאגען געגען קאלענדער רעפארם.

— די רעוויזאניסטען ערקלערען אז ס'איז א ספק צו מ'קען דער איצטיגער ציוניוניסטישער לייטונג אנפערטרויען יוד'שע געלדער.

— אין ווארשא איז געגרינדעט געווארען א פערבאנד פון פאבריקאנטען פון פוך־און פעדערען.

— מ'שמועסט אז דער פאבסט וועט ערקלערען אז די נייע קאלענדער רעפארם איז נישט קעגען די קריסטליכע דאגמען (עיקרים).

— דער ראש ישיבה פון חברון איז אבגעפאהרען קיין אמעריקא זאמלען א פאנט אויפצושטעלען צוריק די חרוב'ע ישיבה.

— א ארימע יודענע אין לובלין האט געוואינען אויף א־דאלארוקע 600 דאלאר. מ'האט זיי איר אויסגעצאהלט אויפן ארט. זי האט געחלשט פאר שמחה.

— דער תל אביבער מאגיסטראט האט געהאט היי יאהר 3 טויזענט פונט מעהר הכנסה ווי ס'איז פאר אוים געזעהען אין בודזשעט.

— דער רומענישער אמבאסאדאר אין וואשינגטאן ערקלערט אז די רומענישע רעגיערונג בעקעמפט יעצט ערנסט דעם אנטיסעמיטיזם אין רומעניען.

— אין טשערנאוויטץ זענען פארגעקומען אנטיסעמיטישע דעמאנסטראציעס מ'האט געשלאגען יודען, קיינער פון די שלעגער איז נישט ארעסטירט געווארען.

— ס'זענען אויסגעבראכען ערנסטע שארפע סכסוכים צווישען די מזרחיסטען און ציוניסטען.

— אין א"י איז פארגעקומען א גרויסער שטורם וואס האט אנגעמאכט א גרויסען שאדען, אויך אין די יודישע פרדסים.

— די שיפען פון דער האמבורגער שיפ'ס געזעלשאפט באלין וועלען פון היינט אן, תמיד אנקומען קיין ניי־יארק פרייטאג פארט. יודען זאלען נישט דארפען מחלל שבת זיין, ביז היינט פלעגען זיי אנקומען שבת.

# וואך קאלענדער

מיט היסטארישע דאטען און יאהרצייטען.

פרייטאג י"ב שבט.

ה"א רנ"ו בעשליעסט פארטוגאל ארויס צו טרייבען אלע יודען פון לאנד.

געשטארבען הג' צבי הירש שור, דער איידעם פון בעל מגלה עמוקות פון קראקא.

געשטארבען אין קראקא הג' וואלף בער בעל מנחת זכרון אויף עירובין.

תרמ"ב א גרויסע אסיפה אין לאנדאן וועגען רדיפות אויף יודען.

שבת י"ג שבט. שבת שירה. מ'ווארפט שפייז פאר פייגעל ווייל זיי האבען מיטגעזינגען שירה ביים ים (מדרש) דער מג"א איז געגען דעם מנהג.

ה"א תק"ן גיעט פראנקרייך גלייכבערעכטיגונג די יודען.

געשטארבען אין קראקא הג' יוזפא פון ווארמס בעל מעשה נסים.

הצ' ר' מרדכי לעכאוויצער תלמיד פון רבין ר' ברוך מעזיבעזער און ר' שלמה קארלינער.

געשטארבען אין קראקא הג' ישראל שלמה קאליהארי בעל „ישמח ישראל" אויף ש"ע.

זונטאג י"ד שבט.

געשטארבען אין אפענבאך דער „פני יהושע" 75 יאהר אלט, נקבר געווארען אין פראנקפורט תקט"ז.

הג' יונה ב"ר יחיאל קראקאווער דיין ווערט געבערענגט אין טו"ז חו"מ סע"ב.

מאנטאג חמשה עשר בשבט ראש השנה לאילנות

הייבען אן די פירות צו בליהען אין ארץ ישראל. פאר דאס איז א מנהג ראשונים צו עסען פיעל פירות.

דיענסטאג ט"ז שבט.

געשטארבען הק' ר' דוד ב"ר שלמה פון קאלאמיי דעם בעל שם-טוב'ס א תלמיד.

אין קראקא דאקטאר ר' שלמה קאליהארי, דער פאטער פון „ישמח ישראל" שנ"ז.

הג' יונה נבון דער רבי פון חיד"א.

אומגעקומען אין בראדי אויף קידוש השם הק' ר' מיכל תק"ח.

מיטוואך י"ז שבט.

אין ווינעצע פאדאליען זענען דורך די היידאמאקעס געהרגעט געווארען די רבנים הק' ר' משה, ר' אהרן, ר' ברוך און ר' שמואל.

געשטארבען ר' חיים באכנער פון קראקא בעמ"ח „אור חדש".

הצ' ר' משה קיטיווער בעש"ט'ס תלמיד, ער האט בעפוילען מקבר וויין מתים אהן טליתים און אזוי איז מען זיך נוהג אין קיטוב ביז היינט.

ס'ווערט געפייערט דורך שפאנישע יודען דער פורים סאראגאסא צוליעב א נס וואס איז דארט געשעהען ה"א ק"פ. ס'ווערט אויך געליינט די מגילה סאראגאסא.

דאנערשטאג י"ח שבט.

געשטארבען הצ' ר' משה זוהן פון ר' שלמה קארלינער תקפ"ט.

פערברענט געווארען עקה"ש 12 יודען אין מעקסיקא ה"א שצ"ט.

---

**יוסף לאכטער**
בן הח' ר' שלמה

**לאה פענסטער**
בת הח' ר' יוסף

נשואים

קראקא, בחודש שבט תרצ"א.

---

מקרב ולב עמוק הננו מברכים את אחינו־גיסנו החביב פאר המדות מר **יוסף לכטער** לנשואיו. יהי ביתו כבית פרץ לברכה ולתהלה.

שאול לכטר ורעיתו.

---

לידידי הב' **יוסף לאכטער** ברכת מז"ט חמה לנשואיו.

ידידו זאב יהודה הלוי.

---

ברגשי גיל הריני מביע במז"ט לידידי הצעיר מר **יוסף לכטר** לחתונתו. יבנה ביתו ברוח התורה לתפארת בית ישראל.

בנימן זוסמן.

---

בברכת מז"ט חמה אני מברך את ידידי הבחור המצוין **יוסף לאכטער** לנשואיו. יזכה לבנות ביתו מתוך עושר ואישר.

יוסף צאהן.

---

מעומק לבי הרני מברך את כבוד ידידי הנכבד **מאטער גוטמאז** בברכת מז"ט חמה ונלבבה לנשואיו, תהי בנינ בנין עדי עד:

ידידו ש. צוקער.

נאכדרוק פארבאטען.

# אסתר המלכה

היסטאָרישע ערצעהלונג. געשריעבען ספעציעל פאר „דאס ליכט“. פון עתניאל

## דריטע פארטזעצונג

דאמאלסט זענען אין פוילען געוועזען די פריצים די גרויסע לאַנד בעזיצער כמעט די אליינינע הערשער אויף'ן שטח פון זייער באדען. דער פריץ האט אויף זיין געביעט אליין געהאט צו געביעטען איבער זיינע מענשען. ער האט געהאט א רעכט זיי צו פערשפארען אין א קרימינאל, זיי צו לאזען שמייסען פאר'ן מינדעסטען חטא און אפילו איבער לעבען אין טויט פון זייגע אונטערטאנען איז ער געוועזען דער איינציגער בעה"ב. אפילו דער קעניג האט נישט געטאָרט זיך אריינמישען אין די אינערע ענינים ביי איין פריץ. קיין פויערים זענען דאן אין פוילען נישט געוועזען ווייל דער גאנצער באדען האט געהערט צו די פריצים. עס זענען נאר געוועזען קנעכט וואס דאבען בעארבייט די פריצישע גיטער, זיי זענען פון די פריצים מייסטענס זעהר אכזריות'דיג בעהאנדעלט געווארען.

האבען די פריצים דאן זיך געשראקען פאר די נייע אורדנונגען פונ'ם יונגען אבער ענערגישען קעניג און זיך אפטמאל ווידערזעצט זיינע פעראָרדנונגען.

אין דער געגענד פון דער גרעניץ ביז אונטער קראקא האבען זיך געצויגען די גרויסע גיטער פונ'ם שרעקליכען פריץ יאָהאַן וואָס האט ערשט נישט לאנג ארויס געגעבען א געזעץ אז יעדער יוד וואס וועט בעטרעטען זיין געביעט זאל בעשטראָפט ווערען מיט'ן טויט.

זיינע קנעכט האבען זיינע בעפעלען נישט מיט גרויס חשק אויסגעפירט אבער ווי איז געוועזען צו דעם נישט פאלגזאמען קנעכט אז דער בעה"ב האט זיך דערוואוסט פון עפעס א נאכלעסיגקייט, דער גרויזאמער פריץ האט דעמאלסט נישט געוואוסט פון רחמנות מ'האט אים דאפאר אלגעמיין גערופען „דער בלוטיגער יאַן“.

דער בעל-אכסני' ר' יהושיע'ס האט די וואנדערער פארדאס אויפמערקזאם געמאכט מעהר ווי פאר די חיות רעות וואס זענען פיעל אין דער געגענד — זיך צו היטען נישט צו בעטרעטען דעם באדען פון דעם שרעקליכען אונמענש.

אָ! ווען מיר זאלען נאך היינט אנקומען קיין קראקא — זאגט ר' יהושיע צו זיין טאכטער — אבער יעצט מוזען מיר אביסעל אָפריהען.

זיי האבען געוואַנדערט פון פארטאג'ס יעצט איז שוין געוועזען נאָכמיטאג און ר' יושיע האָט נישט געהאט מעהר קיין כח. ער האט זיך געזעצט אָפריהען. באַלד האבען זיך אויפ'ן הימעל בעוויזען וואלקענס. ס'איז געוועזען א הערבסט טאג, ס'האט געוויזען אויף רעגען.

טאַטישי־זאגט אסתר — אפשר וועלען מיר פריווען געהען ווייטער. ס'מאַכט זיך רעגענדיג און מיר וועלען שפעטער נישט קענען דערהענען דעם וועג און אין דער גאנצער געגענד ארום זעהט זיך נישט קיין הייזעל וואו צו קענען נעכטיגען.

ביסט גערעכט קינד מיינ'ס שטעלט זיך ר' יושיע אויף די פיס מיר מיזען געהען מיר מוזען נאך היינט קומען קיין קראקא ווייל אז נישט קענען מיר פערלירען די ריכטונג און נאך חלילה אריינפאלען דעם רשע אין זיין האנד אריין.

די כחות האבען אבער דעם אלטען רב פערזאגט וויעפיעל מאל ער האט זיך אויפגעשטעלט האט ער נאך א פאָר שריט געהען, גיטמוזט זיך זעצען אָפרוהען. ער האט זיך געשלעפט מיט די לעצטע כחות.

רוה זיך אפ טאטישי־זאגט איצט זיין טאכטער צו אים — לאמיר זיך פערלאזען אויף השי"ת וואס וועט זיין, וועט זיין די האסט נישט קיין כח מעהר.

ניין ניין! טאכטער מיינע די געפאר איז גרויס מיר מוזען געהען.

דערווייל'ע האט זיך אראפגעלאזט א רעגען וועלכער האט צו ווייקט דעם ווייכען וועג ווייל קיין שאסעען און שטראסען ווי היינט איז דאממאלסט נישט געוועזען אין פוילען. און ביי א רעגען איז נישט געוועזען מעגליך צוגעהען ווייל מ'איז באלד געזינקען ביז צו דער סניע אין דער בלאטע.

קיין אויסוועג פאר די איינזאמע וואנדערער איז אבער נישט געוועזען, א שטוב ווי זיך צו בעהאלטען פאר'ן רעגען איז נישט צוזעהען, דא בלייבען אונטערן רעגען? די דינע רעגענס דויערן געוועגליך לאנג איבערהויפט הערבסט-צייט.

זיי געהען אזוי ווייטער דער אלטער ר' יושיע סאָפעט שווער. ער טאטשעט זיך קוים אין דער טיעפער געדיכטער בלאטע זיין פנים ענדערט זיך ביז אָ ג—ט העלף.

טאטישי! וואס איז דיר?

ר' יהושיע אָבער רופט זיך נישט אָפ.

טאטישע ליעבער טאטישי וואס איז דיר געשען? ר' יהושיע איז אנידער געפאלען און א טיעפע חלשות האט אים בעהערשט. פארצווייפעלט האט זיך זיין טאכטער גענומען דעם פאטער ראַטעווען מיט אלע מיטלען וואס ס'איז מעגליך געוועזען אין די אומשטענדען אבער אומזיסט.

א שוויים האט זי בעגאסען וועלכער האט זיך אייסגעמישט מיט די רעגען-טראפען זי האט געריבען דעם פאטער'ס שטערן דעם פולס די בריסט אבער ס'העלפט נישט.

מיט אַ שרעקליכען פארצווייפלונג'ס געשריי איז זי אנידערגעפאלען נעבען איר געליעבטען פאָטער און א יאָמערליך געוויין האט אויסגעפילט דעם חלל.

טאַטע ליעבער טאטע — האט זי געשריגען — צו איז דאס חלילה דיין גורל צופאלען דאָ אין אזאַ מצב און ווי וועל איך מיך אהינטוען. אָ ליעבער פאטער אין הימעל! האב רחמנות אויף אונז און רעטע אונז נאך דאס איינע מאל. אָ די וואס האסט אונז שוין אזוי פיעל מאל געוויזען דיינע חסדים וועיז אונז אויך איצט דיין חסד און רעטע אונז פון דער צרה, אָ העלף דעם אומגליקליכען טאטען און זיין אומגליקליכע טאכטער.

פלוצלינג א וואס איז? זי שטרענגט שטארק אן דאס געהער ס'שיינט עפעס ווי שווערע מענטשליכע שריט פאטשקען אין די טיעפע בלאטעס זי האלט איין דעם אטעם.

הע? וואס טהוט זיך דא? ווער שרייט דא עפעס אזוי, ווער וויינט דא עפעס אזוי יעמערליך, הערט זיך א פעסט פויעריש קול

(פארטזעצונג פאלגט)

# דער קאמף צווישען די קהלות קראקא און פאדגורזע. *)

דער דאזיגער קאמף דויערט שוין אייגענטליך א יאהר 15 נאך בשעת די פרעזעסור פון ד״ר טיללעס. נאך אינ'ם יאהר 1918 בשעת דער פוילישער-ליקווידאציע-קאמיסיע מיט גראף לאסאצקי בראש, האט דאמאלס מיט ערפאלג פערטיידיגט פאר די זעלבט-שטענדיגקייט פון די פאדגורזער-קהלה, ר' יאשע צוקער, דער עלטסטער ראש-הקהל אין פאדגורז, אנו ייזענדיג אז לויט'ן געזעץ קען די פאדגורזער קהלה עגזיסטירען אלס זעלבסטשטענדיגע. און אזוי ביז היינט קעמפט זי פארטוועהרענד פאר איהרע רעכט. און ס'איז אויך קיין וואונדער, דאס פאדגורז וויל זיין זעלבסט-שטענדיג, צוזעהענדיג ווי שטארק די שטאדט האט געליטען ביי איינפערלייבען דעם מאגיסטראט, ווי די שטאדט איז גענצליך פעראורימט און ראונירט געווארען. בעקימענדיג די חסרונות פון א גרויסע שטאדט לגבי שטייערן, און פון א קליין שטעדטיל לגבי ארימקייט. דאס איז א בולט'ער פאקט, וועלכען קיינער קען נישט פערלייקנען. — פון דער אנדערע זייט צעהלט די פאדגורזער יודישע בעפעלקערונג 10.000 נפשות, האט א מקוה, בית עלמין, א 2 שטעקיגע ת״ת וועלכע בעקימט 4.000 זל. סובווענציע א יאהר פון די קהלה, א ביקור חולים, 2 ערשטקלאסיגע גמילות חסדים, א יודישע קאאפעראטיווע באנק מיט 3 מיליאן זלאטעס אומזאץ א יאהר, און נאך אנדערע חברות, וועלכע קענען דיענען אלס מוסטער פאר די גרויס-שטעדטיגע חברות. דער קהלה-שטייער איז קליין און דער ביוראקראטישער-סיסטעם איז נישט דארט איינגעווארצעלט, ווי אין גרעסערע קהלות, ס'איז דארט אויך א שטענדיגע רעליגיעזע מעהרהייט.

די פאדגורזער קהלה מוז יעצט קעמפפען אויף צוויי פראנטען. פון איין זייט געגענאיבער די אפעטיטען פון איהרע עלטערע שוועסטער און פון דער צווייטער זייט געגענאיבער אינטריגעס. — די פאדגורזער יודישע בעפעלקערונג טהוט אבער מיט אלע כחות זיך בעמיהען צו דערהאלטען איהר זעלבסטשטענדיגקייט, וועלכע עגזיסטירט שוין בקרוב 50 יאהר, און בכדי צו פערמיידען די אונטערגעהעצטע מחלוקה איז די פאדגורזער קהלה גרייט צו קימען אין פערשטענדיגונג בנוגע די שחיטה מיט די קראקאווער קהלה אום זיך געגענזייטיג נישט צו שאדען האט זי צו דעם צוועק דעלעגיערט איהרע 2 ראשי-קהלה דעם ד״ר פערבער און ר' יאשע צוקער און מיר ווילען האפען, אז ס'וועט קימען צו א פאלשטענדיגען הסכם.

ש. צ.

---

*) אונזער אנקעטע וועגען אנשליעסען די פאדגורזער קהלה צו דער קראקאווער, האט ארויסגערופען א פערשטענדליך אינטערעס אין אלע קרייזען פון דער יודישער בעפעלקערונג. דאס איז צו זעהען פון די פיעל תשובות וואס מיר דערהאלטען וועגען דעם ענין. צוליעב פלאץ מאנגעל דריקען מיר היינט נור די אויבענדיגע תשובה. אינ'ם נעכסטען נומער וועלען מיר דרוקען די רעשט תשובות. מיר מאכען צוגלייך אויפמערקזאם, אז אלע תשובות מוזען זיין געשריעבען קורץ און גוט לעזובאר.

די רעדאקציע.

## אז די געעהרטע רעדאקציע „דאס ליכט“!

ס'האט מיך זעהר דערפרייט דאס ערשיינען פונ'ם אונפארטייאישען ארטאדאקסישען וואכען בלאט „דאס ליכט“ צו פערטיידיגען די ארטאדאקסישע אינטערעסען און די אויטאריטעטען פונ'ם ארטאדאקסישען לאגער. דער יודישער פינק מוז אויפגעבלאזען ווערען אויף א גרויס „ליכט“ און אז עס זאל טאקי אזוי זיין ווי דער מאמר חז״ל „ניציץ אחד מן האור דוחה הרבה מן החושך“, איין פונק פון ליכטיקייט שטויסט אוועק פיעל פון פינסטערניס אז „דאס ליכט“ זאל פערלייכטען אלע יודישע שטובען, עס זאל נישט אריין די פינסטערניס פון די אנדערע בלעטער וואס פערפעסטיגען די יודישע לופט — אז עס זאל אריינברענגען בעוואוסטזאנעקייט אין ארטאדאקסישען לאגער, דאס מ'זאל צו זאמען אין איין פראנט קעמפפען קעגען דעם שונא הדת והיהדות, דאמיט וועט אויפגעהויבען ווערען דער קרן התורה והיהדות.

ח'מ'ה'ב.

ביטע אייך געפל. געעהרטער הער רעדאקטאר דאס צו לאזען דרוקען אין אייער וואכען בלאט „דאס ליכט“.

הנ״ל.

---




אבאנאמענט'ס פרייז: א חדש 80 גר. א קווארטאל 2.40, א יאהר 9 זל. אויסלאנד א יאהר אנדערטהאלב דאלאר.

מאנוסקריפטען ווע־ען נישט צוריקגעשיקט. ביי אנפ־אגע אויף תשובה דורך דער פאסט דארף בייגעלעגט ווערען מארקען אויף תשובה

אנאנסען פרייז: פאר א מילימעטער שורה אויף דער לעטצטער זייט 30 אין טעקסט און אויף דער ערשטער זייט 50 גר. דער עמוד געטיילט אין 4 שפאלטען גראט לאציעס א פעטיט-שורה 50 גר. די קלענסטע 2 זל

Wydawca: Za wydawnictwo „Jawne“ i red. odp. W L. Urbach. — Drukarnia M. Lenkowicza, Kraków, Meiselsa 4.